יוסף מלאָטעק

# ייִדישע קינדער

א



אַרויסגעגעבן פֿון
בילדונגס־קאָמיטעט פֿון אַרבעטער־רינג

# JEWISH CHILDREN

*by* JOSEPH MLOTEK



*Illustrated by* Tsirl Waletzky

Printed in U. S. A.

*Printed by*
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

## A Letter of Preface to the New Student:

Dear Student,

This book, you will notice, is different from all other books that you have read or studied until now.

— In what way?

— The first difference, of course, is the way you open this book — not from left to right, like your other books — but from right to left:




Then you will notice the letters are not the familiar ones of English, French or Spanish; they are the letters of the Hebrew alphabet, the **alef-beyz.** This is the **alef-beyz:**

TURN THE PAGE


א ב ג ד ה
ו ז ח ט י
כ ל מ נ
ך ם ן
ס ע פ צ
ף ץ
ק ר ש ת

The English alphabet has 26 letters, the **alef-beyz** has only 22. These 22 letters make up all the Hebrew and Yiddish books.

This is a Yiddish book.

All the stories and songs in this book are in Yiddish.

Yiddish is the language that millions of Jews speak and write, and in which they create their rich culture.

Yiddish is spoken by many Jews in the United States, Canada, Mexico, Venezuela, the countries in South America and in many European countries. It is also spoken by many Jews in the State of Israel.

Do you know that there are daily newspapers in Yiddish in New York, Montreal, Mexico City, Buenos Aires, Rio de Janeiro, Sao Paulo, Montevideo, Paris and Tel-Aviv?





Do you know that hundreds of Yiddish magazines and books are published every year in almost every part of the world?

The author of this book has spoken Yiddish with Jews in Poland, Lithuania, Russia, Japan, China, South America, Israel and several other countries in which he lived or visited.

So Yiddish, as you see, is a very useful language. It helps you to communicate with Jews all over the world.



The name of this book is **YIDISHE KINDER-ALEF.**

— Why **Alef?**

— Because **Alef** is the first letter of the **alef-beyz.** This means that it is only the **first** of a series of text books. After this you will study **YIDISHE KINDER-BEYZ** . . . and **GIML,** and so on, until you will be able to pick up and read any Yiddish book or newspaper.

Now we would like you to meet the main characters of this book. Later you will get to know them much better, but for now we shall ask them to come out from behind the pages of this book to take a bow:



Later we will visit the children's home and meet their parents:




and their jolly **uncle Meylekh**
a man that loves to joke and have fun with his nephews and nieces.

And fun they have all the time — wherever they go and whatever they do.

Even learning is fun, because they learn through music and song. They have a song for everything they learn.



A song for learning

A song for singing

A song for working

and songs for the Jewish holidays.

Oh, yes,

We almost forgot —

In this book you will also find interesting stories about the Jewish holidays, stories that every Jewish boy and girl should know. Knowing them is like receiving a gift, for your life will be much richer with this knowledge.

So, **YIDISHE KINDER** of **everywhere**, this book is for you —

To Learn

To Sing

To Enjoy.

Good luck to you, or as we say in Yiddish, **MAZL TOV!**

**MAZL TOV** with your first Yiddish book!

May there be many, many more!

THE AUTHOR

# די קינדער

די קינדער גייען.
די קינדער גייען אין שול.






# מאַטעלע און גיטעלע

מאַטעלע גייט אין שול.
גיטעלע גייט אין שול.
מאַטעלע און גיטעלע
גייען אין שול.





# גוט־מאָרגן!

מאַטעלע קומט אין שול.
גיטעלע קומט אין שול.
די קינדער קומען אין שול.
— גוט־מאָרגן, לערער!
— גוט־מאָרגן, קינדער!
— גוט־מאָרגן, גוט־מאָרגן!





# גוט־מאָרגן, לערער!

מאָטעלע קומט אין שול און זאָגט:

– גוט־מאָרגן, לערער!

גיטעלע קומט אין שול און זאָגט:

– גוט־מאָרגן, לערער!

אַלע קינדער קומען אין שול

און זאָגן: – גוט־מאָרגן, לערער!

דער לערער זאָגט:

– גוט־מאָרגן, קינדער, גוט־מאָרגן!

# אַלע זינגען

גוט־מאָרגן, אײַך!
גוט־מאָרגן, אײַך!
גוט־מאָרגן אַלעמען!
גוט־מאָרגן, אײַך!

גוט־מאָרגן!
גוט־מאָרגן!
גוט־מאָרגן אַלעמען!
גוט־מאָרגן!
גוט־מאָרגן!
גוט־מאָרגן אַלעמען!

גוט־מאָרגן, אײַך!
גוט־מאָרגן, אײַך!
גוט־מאָרגן אַלעמען!
גוט־מאָרגן, אײַך!

די קינדער זינגען דאָס ליד.
אַלע, אַלע זינגען דאָס ליד.

# אַלע זינגען אַ ייִדיש ליד

דער לערער זאָגט:
– דאָס איז אַ ייִדישע שול.
לאָמיר זינגען אַ ייִדיש ליד.
דער לערער זינגט:



לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר
זינגען אַ ייִדיש ליד,
אַ ייִדיש ליד, אַ ייִדיש ליד.
לאָמיר זינגען אַ ייִדיש ליד.

דער לערער זאָגט:
– לאָמיר אַלע זינגען דאָס ליד.
אַלע, אַלע זינגען:



לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר
זינגען אַ ייִדיש ליד,
אַ ייִדיש ליד, אַ ייִדיש ליד.
לאָמיר זינגען אַ ייִדיש ליד.

לאָמיר

לייענען

לערנען

שפּילן


גוט-מאָרגן!
מאָטעלע
גיטעלע
קומט
גייט
לערער
זינגט
קומען
אַלעמען
גייען
קינדער
זינגען

# אַ גוט־יאָר!

לשנה־טובֿה, לערער!
לשנה־טובֿה, קינדער!
אַ גוט־יאָר!
אַ גוט־יאָר!



# איך בין אַ ייִדיש קינד

מאָטעלע זאָגט:

– לערער, איך קען אַ ייִדיש ליד.

דער לערער זאָגט:

– זינג דאָס ליד, מאָטעלע.

מאָטעלע זינגט:

### אַ ייִדיש קינד

איך בין, איך בין, איך בין
אַ ייִדיש קינד,
איך זינג, איך זינג, איך זינג
אַ ייִדיש ליד.
איך בין אַ ייִדיש קינד,
איך זינג אַ ייִדיש ליד.
איך זינג, איך זינג, איך זינג
אַ ייִדיש ליד.

# לאָמיר זײַן פֿרײַנד

לאָמיר זײַן פֿרײַנד,
לאָמיר זײַן גוטע פֿרײַנד.
לאָמיר אַלע, אַלע זײַן
גוטע פֿרײַנד.






לאָמיר לייענען,
לערנען,
שפּילן





# אַ סוכּה

גוט־יום־טובֿ, דיר!
גוט־יום־טובֿ, דיר!
אין סוכּה זיצן
קומט מיט מיר!
גוט־יום־טובֿ!
גוט־יום־טובֿ!






# די פֿאָן

די פֿאָן איז שיין,
עס איז יום־טובֿ הײַנט.
אַ גוט־יום־טובֿ,
גוטע פֿרײַנד.



# לאָמיר זינגען אַ פֿריילעך ליד

גיטעלע זאָגט:

– לערער,

איך האָב ליב אַ פֿריילעך ליד.

און מאַטעלע זאָגט:

– לאָמיר זינגען אַ פֿריילעך ליד.

אַלע קינדער זאָגן:

– לערער,

לאָמיר זינגען אַ פֿריילעך ליד.

זאָגט דער לערער:

– ווער קען זינגען אַ פֿריילעך ליד?

– איך קען, איך קען! – זאָגט גיטעלע.

– איך קען, איך קען! – זאָגט מאַטעלע.

# איך האָב ליב

גיטעלע זינגט:

איך האָב ליב,
איך האָב ליב,
איך האָב ליב צו זינגען;

איך האָב ליב,
איך האָב ליב,
צו טאַנצן און צו שפּרינגען.
לאַ־לאַ־לאַ — איך האָב ליב צו זינגען.

און מאַטעלע זינגט:

איך האָב ליב,
איך האָב ליב,
איך האָב ליב צו לאַכן.

איך האָב ליב;
איך האָב ליב,
קינדער פֿריילעך מאַכן.
כאַ־כאַ־כאַ
איך האָב ליב צו לאַכן.








# די קינדער לייענען ייִדיש

דער לערער זאָגט:

— קינדער, איר זינגט גוט.

אַלע קינדער זינגען גוט.

לאָמיר לייענען.

מאָטעלע לייענט,

גיטעלע לייענט,

די קינדער לייענען.

דער לערער זאָגט:

— קינדער, איר לייענט ייִדיש,

איר לייענט ייִדיש גוט.

זאָגט מאָטעלע:

— ייִדישע קינדער לייענען ייִדיש.

# אַ גוטן־טאָג, לערער

דער לערער זאָגט:
— קינדער, גייט אַהיים.
נעמט די בּיכער און גייט אַהיים.
גייט אַהיים און קומט מאָרגן ווידער.
קומט מאָרגן ווידער
אין דער ייִדישער שול.
קומט לערנען ייִדיש,
קומט לייענען ייִדיש,
קומט זינגען אַ ייִדיש ליד.
די קינדער גייען אַהיים.
— אַ גוטן־טאָג, קינדער! —
זאָגט דער לערער.
— אַ גוטן־טאָג, לערער! —
זאָגן די קינדער.
— אַ גוטן־טאָג! אַ גוטן־טאָג!



# איר זײַט גוטע ייִדישע קינדער

מאַטעלע און גיטעלע גייען אַהיים.
זיי קומען אַהיים און זאָגן:
– גוטן־אָוונט, מאַמע, גוטן־אָוונט!

מאַטעלע זאָגט:
– זע, מאַמע, איך האָב אַ ייִדיש בוך.
איך קען לייענען ייִדיש.

גיטעלע זאָגט:
– זע, מאַמע, זע דאָס בוך.
איך קען לייענען ייִדיש.

מאַטעלע לייענט פֿון בוך.

גיטעלע לייענט פֿון בוך.

זאָגט די מאַמע:
– זייער גוט, קינדער.
איר זײַט גוטע ייִדישע קינדער.





# איך האָב ליב די ייִדישע שול

גיטעלע זאָגט:
– מאַמע, איך האָב ליב די ייִדישע שול.

מאָטעלע זאָגט:
– מאַמע, איך האָב זייער ליב
די ייִדישע שול.

דער לערער לערנט אונדז ריידן ייִדיש.
דער לערער לערנט אונדז לייענען.
דער לערער לערנט אונדז זינגען לידער.

זאָגט די מאַמע:
– לאָמיר הערן אַ ייִדיש ליד.
זינגט, קינדער, אַ ליד פֿון דער שול.
די קינדער זינגען ייִדישע לידער.

# לאָמיר גיין טאַנצן

די מאַמע זאָגט: — איך קען אויך אַ ייִדיש ליד.
דאָס איז אַ ליד פֿון אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע.
— לאָמיר הערן! — זאָגן די קינדער.

די מאַמע זינגט:

אַ ייִנגעלע,
אַ מיידעלע,
אַ מיידעלע,
אַ ייִנגעלע, —
לאָמיר אַלע גיין טאַנצן.

אַ מיידעלע,
אַ ייִנגעלע,
אַ ייִנגעלע,
אַ מיידעלע,
לאָמיר אַלע גיין טאַנצן.

לאָמיר אַלע טאַנצן גיין,
די מאַמע אַליין גייט אויך טאַנצן,
לאָמיר אַלע טאַנצן גיין,
די מאַמע אַליין גייט אויך טאַנצן.

די קינדער און די מאַמע זינגען דאָס ליד
און זיי טאַנצן.



לאָמיר
לייענען
לערנען
שפּילן



אַ גוטן־טאָג!
זינגט!
אויך
נעמט!
גייט!
אַ גוטן־אָוונט!
אַליין
ווידער
אַהיים

# די קינדער שרײַבן ייִדיש





דער לערער זאָגט:
– זאָל זײַן אַ ביסעלע שטיל.
קינדער, זיצט שטיל.
קינדער, לאָמיר שרײַבן.
די קינדער נעמען די העפֿטן.
זיי שרײַבן אין די העפֿטן.
גיטעלע שרײַבט אין העפֿט.
מאָטעלע שרײַבט אין העפֿט.
אַלע קינדער שרײַבן,
אַלע קינדער שרײַבן אין העפֿט.
די קינדער שרײַבן ייִדיש.

# אַ ביסל און אַ ביסל
# ווערט אַ פֿולע שיסל

אַלע קינדער שרײַבן.
דער לערער שרײַבט אַ ליד אויפֿן טאָוול.
די קינדער שרײַבן דאָס ליד אין די העפֿטן.

דער לערער זאָגט:
— זייער גוט, קינדער.
איר קענט שוין אַ ביסל שרײַבן,
איר קענט שוין אַ ביסל לייענען,
איר קענט שוין אַ ביסל ריידן,
און איר קענט שוין זינגען ייִדישע לידער.
אַ ביסל און אַ ביסל,
ווערט אַ פֿולע שיסל.
די קינדער שרײַבן אין די העפֿטן:
אַ ביסל און אַ ביסל,
ווערט אַ פֿולע שיסל.

אַ ביסל און אַ ביסל
ווערט אַ פֿולע שיסל.

# קומט אַלע אין שול

קומט אַלע,
קומט אַלע,
קומט אַלע אין שול.
די שול איז,
די שול איז
מיט קינדערלעך פֿול.
דער לערער,
דער לערער
האָט אַלעמען ליב,
ער לערנט
די קינדער
אַ נײַ ייִדיש ליד.



# איך בין אַ ייִדיש ייִנגעלע

אַ ייִנגעלע שטייט אויף און זאָגט:
– לערער, איך קען אויך אַ שיין ייִדיש ליד.
דאָס איז אַ ליד פֿון אַ ייִדיש ייִנגעלע.
זאָגט דער לערער:
– גוט, לאָמיר הערן דאָס ליד.
דאָס ייִנגעלע זינגט:

איך בין, איך בין, איך בין
אַ ייִדיש ייִנגעלע,
איך זינג, איך זינג, איך זינג
אַ ייִדיש לידעלע.

איך גיי, איך גיי, איך גיי
אין דער שול אַליין.
איך לערן, לערן, לערן
ייִדיש צו פֿאַרשטיין.



דער לערער זאָגט:
– עס איז אַ שיין ליד, קינדער.
די קינדער לערנען דאָס ליד
„איך בין אַ ייִדיש ייִנגעלע".

# פֿון איינס בּיז צען



דער לערער פֿרעגט:
– קינדער, ווער קען ציילן?
ווער קען ציילן פֿון איינס בּיז צען?
מאַטעלע שטייט אויף און זאָגט:
– איך קען ציילן פֿון איינס בּיז צען אויף ייִדיש.
און גיטעלע זאָגט:
– איך קען אויך ציילן פֿון איינס בּיז צען
אויף ייִדיש.

זאָגן די קינדער: – לאָמיר הערן, לערער,
לאָמיר הערן ציילן פֿון איינס בּיז צען
אויף ייִדיש.

מאַטעלע ציילט פֿון איינס בּיז צען.
גיטעלע ציילט פֿון איינס בּיז צען.
מאַטעלע ציילט גוט און גיטעלע ציילט גוט.
אַלע קינדער ציילן פֿון איינס בּיז צען
אויף ייִדיש.

# לאָמיר ציילן און זינגען



איינס און איינס,
איינס און איינס,
איינס און איינס איז צוויי,
קינדער קומט,
גיכער קומט,
אַלע אין אַ ריי.

צוויי און צוויי,
צוויי און צוויי,
צוויי און צוויי איז פֿיר,
קינדער קומט,
גיכער קומט,
קינדער, קומט צו מיר.





שטייט אויף
איך האָב ניט
איך בין
איך לערן
שיין
ציילן
יאָר
טאָג
נײַ
פֿאַרשטיין
איך האָב
איך זינג
וואָך
ייִדיש

# זיבן גוטע ברידער




דער לערער לערנט די קינדער
די טעג פֿון דער וואָך.
דער לערער פֿרעגט:
— וואָס איז דאָס?

זיבן, זיבן זײַנען מיר,
זיבן גוטע ברידער.
זיבן, זיבן גייען מיר
און מיר קומען ווידער.

די קינדער זאָגן:
— דאָס זײַנען זיבן טעג,
זיי גייען און זיי קומען ווידער,
זיבן, זיבן זײַנען זיי,
זיבן גוטע ברידער.

# דער טאַטע אַרבעט פֿינף טעג

מאָטעלע זאָגט:
— לערער, מײַן טאַטע אַרבעט פֿינף טעג.
פֿינף טעג פֿון דער וואָך אַרבעט ער
און צוויי טעג אַרבעט ער ניט.

און גיטעלע זאָגט:
— יאָ, לערער, צוויי טעג איז דער טאַטע
אין דער היים, צוויי טעג אַרבעט ער ניט.

פֿרעגט דער לערער:
— מאָטעלע, גיטעלע,
וואָס טוט אײַער טאַטע?

מאָטעלע זאָגט:
— ער איז אַ לערער.

און גיטעלע זאָגט:
— ער לערנט קינדער אין אַ שול.

שטייט אויף אַ ייִנגעלע און זאָגט:
— און מײַן טאַטע איז אַ שנײַדער.
ער אַרבעט אויך פֿינף טעג.

# אַ ליד פֿון אַ שנײַדער

דער לערער לערנט די קינדער
אַ ליד פֿון אַ שנײַדער.
ער שרײַבט דאָס ליד אויפֿן טאָוול
און ער זינגט.
ער זינגט אַזוי:

אָט אַזוי נייט אַ שנײַדער,
אָט אַזוי נייט ער דאָך,
מיט אַ נאָדל און אַ פֿאָדעם
נייט און נייט אַ גאַנצע וואָך.

די קינדער זינגען דאָס ליד,
און זיי שרײַבן עס אין די העפֿטן.
לייבעלע שרײַבט ניט.
זאָגט דער לערער:
— לייבעלע, שרײַב אויך דאָס ליד.



# אַלע אַרבעטן

אַרבעט, אַרבעט,
אַרבעט גוט.
ווער עס אַרבעט,
דעם איז גוט.

מיט אַ שמייכל,
מיט אַ לאַך,
אַרבעט —
איז אַ גוטע זאַך.





# לאָמיר

# לייענען

# לערנען

# שפּילן

# מאָרגן איז שבת

דער לערער שרײַבט אויפֿן טאָוול:
הײַנט איז פֿרײַטיק,
מאָרגן איז שבת.




שבת קומען ניט די קינדער אין שול.
גיטעלע זאָגט:
– איך האָב ליב שבת.
שבת קען איך שלאָפֿן לענגער.
אַלע קינדער לאַכן. דער לערער זאָגט:
– מאָרגן קענען די קינדער שלאָפֿן לענגער.
זאָגט מאַטעלע:
– אַז די מאַמע לאָזט.
די קינדער לאַכן און דער לערער לאַכט.
דער לערער לערנט די קינדער
אַ ליד פֿון שבת.

# אַ קלײדעלע אויף שבת

מאָטעלע און גיטעלע קומען אַהײם.

— זע, פֿײגעלע האָט אַ נײַ קלײדעלע —

זאָגט גיטעלע.

— יאָ, אונדזער שוועסטערל פֿײגעלע

האָט אַ נײַ קלײדעלע — זאָגט מאָטעלע.

— דאָס איז אַ נײַ קלײדעלע אויף שבת —

זאָגט די מאַמע,

זאָל דאָס קלײדעלע זײַן רײן.



פֿײגעלע זאָגט:

— דאָס קלײדעלע איז שײן,

דאָס קלײדעלע איז רײן.

דער טאַטע קומט אַהײם.

ער נעמט פֿײגעלען אויף די הענט.

די מאַמע זאָגט:

— קומט צו דעם טיש.

די גאַנצע משפּחה גײט צו דעם טיש.

# שבת אויף דער וועלט



די גאַנצע משפּחה זיצט בײַם טיש.
פֿייגעלע זיצט אויך.
הײַנט גייט זי שלאָפֿן שפּעט.
די מאַמע גיט אַלעמען עסן.
אַלע עסן חלה,
אַלע עסן פֿיש.

דער טאַטע פֿרעגט:
– ווער קען זינגען אַ שבת־ליד?

מאָטעלע און גיטעלע זאָגן:
– מיר קענען אַ שיין ליד פֿון שבת.

זיי זינגען:

שבת, שבת,
זאָל זײַן, זאָל זײַן שבת!
שבת, שבת,

זאָל זײַן, זאָל זײַן שבת.
זאָל זײַן שבת,
שבת אויף דער וועלט.


שבת
משפחה
חלה
אַלע
אַלעמען
מיר
זיי
זי
נײַ
שיין
ריין
זאָל זײַן שבת!
זאָל זײַן שטיל!

# חנוכּה קומט




חנוכּה־געלט!



# חנוכּה

הײַנט איז יום־טובֿ. הײַנט איז חנוכּה.
גיטעלע און מאָטעלע
מאַכן אַליין אַ ליד פֿון חנוכּה.

הײַנט איז חנוכּה
אויף דער וועלט
לאָמיר גיין
נאָך חנוכּה־געלט.

פֿייגעלע שרײַט:
– לאָמיר גיין, לאָמיר גיין נאָך חנוכּה־געלט.
די גאַנצע משפּחה גייט
צו דער באָבען און זיידן.

דער זיידע זאָגט:
– גוט־יום־טובֿ, קינדער!

די קינדער ענטפֿערן:
– גוט־יום־טובֿ, זיידע!
– גוט־יום־טובֿ, באָבע!

דער זיידע צינדט אָן די חנוכּה־ליכטלעך.

# די באָבע מאַכט לאַטקעס

אין הויז איז וואַרעם. אין הויז איז גוט.
עס איז יום־טובֿ. די באָבע מאַכט לאַטקעס.
זי גיט די לאַטקעס צום טיש. זי זאָגט:
— גייט עסן, קינדער.
זאָל אײַך זײַן צו געזונט!
שרײַט מאָטעלע:
— לאָמיר עסן לאַטקעס!
פֿייגעלע שרײַט:
— איך וויל צען לאַטקעס.
אַלע לאַכן:
— אַ קליין מיידעלע
קען ניט עסן קיין צען לאַטקעס!
זאָגט די באָבע:
— עסט וויפֿל איר קענט,
עסט, קינדער, עסט געזונט.



# דער זיידע גיט חנוכּה־געלט

גיטעלע זאָגט:
— זיידע,
איך האָב אַליין געמאַכט אַ חנוכּה־ליד.

— אַליין געמאַכט? — פֿרעגט דער זיידע.

— יאָ, — ענטפֿערט גיטעלע,
אַליין געמאַכט אַ ליד:

הײַנט איז חנוכּה אויף דער וועלט,
לאָמיר גיין נאָך חנוכּה־געלט.

דער זיידע שמייכלט און זאָגט:
— יאָ, יאָ, הײַנט באַקומט איר חנוכּה־געלט.
דער זיידע גיט גיטעלען חנוכּה־געלט,
דער זיידע גיט מאָטעלען חנוכּה־געלט.

פֿייגעלע שרײַט:
— מיר אויך! מיר אויך, זיידע!

דער זיידע נעמט פֿייגעלען אויף די הענט
און ער זאָגט:
— נאַ דיר חנוכּה־געלט, מײַן מיידעלע.
אַלע זײַנען פֿריילעך.
עס איז יום־טובֿ אין הויז.



# אַ שניי

אַלע קינדער גייען אַהיים פֿון שול.
לייבעלע שרייַט:
– מאַטעלע, גיטעלע, קינדער! זע, אַ שניי!
זע, אַ שניי!

אַלע קוקן. עס גייט אַ ווייַסער שניי.
שטיל און שיין גייט דער שניי.
אַלע זייַנען פֿריילעך. זיי נעמען שניי
און מאַכן אַ שניי־מענטש.

מאַטעלע זינגט:

שניי, שניי,
גיכער גיי.
גיכער גיי,
ווייַסער שניי.



# ווינטער אין פּאַרק

עס איז ווינטער. עס איז קאַלט.
עס ליגט אַ ווײַסער שניי.
די קינדער גייען מיט די שליטעלעך
אין פּאַרק.
די קינדער גייען זיך שליטלען.
פֿייגעלע זיצט אין מאַטעלעס שליטעלע.
אַלע קינדער שליטלען זיך.
פֿייגעלע פֿאַלט אין שניי. אַלע לאַכן.
די קינדער שליטלען זיך.
זיי זײַנען פֿריילעך.
עס ווערט שפּעט. די קינדער גייען אַהיים.
זאָגט מאָטעלע: —
— לאָמיר מאָרגן ווידער גיין זיך שליטלען.
— גוט, — זאָגן די קינדער.
— מאָרגן קומען מיר ווידער אין פּאַרק.
מיר קומען ווידער זיך שליטלען.



# פֿייגעלע
# איז ניט געזונט



עס איז אין דער פֿרי.
מאָטעלע שטייט אויף
און גיטעלע שטייט אויף.
פֿייגעלע ליגט.

זאָגן די קינדער:
— פֿייגעלע, שטיי אויף!

פֿייגעלע ליגט און ענטפֿערט ניט.

קומט די מאַמע. זי פֿרעגט:
— וואָס איז, פֿייגעלע?

זאָגט פֿייגעלע זייער שטיל:
— דאָס קעפּעלע טוט מיר וויי.

די מאַמע זאָגט:
— יאָ, דאָס קעפּעלע איז וואַרעם.
דאָס מיידעלע איז ניט געזונט.
די קינדער גייען אין שול און זאָגן:
— אַ גוטן־טאָג, מאַמע!
— זײַ געזונט, שוועסטערל! אַ גוטן־טאָג!

# דער דאָקטער קומט



עס קומט דער דאָקטער.
ער קוקט אויף פֿייגעלען
און ער זאָגט:
— וואָס איז מיט דיר, מיידעלע?
די מאַמע ענטפֿערט:
— דאָס קעפּעלע טוט איר וויי.
דער דאָקטער קוקט אין פֿייגעלעס האַלדז.
ער קוקט און זאָגט:
— דער האַלדז איז אַ בּיסל רויט.
זי וועט ליגן אין בּעט צוויי טעג
און זי וועט ווידער זײַן געזונט.
ער גיט פֿייגעלען אַ מעדיצין.
— איך האָבֿ ניט ליבֿ קיין מעדיצין, —
זאָגט פֿייגעלע.
— און איך האָבֿ ניט ליבֿ אַז אַ מיידעלע
איז ניט געזונט —
שמייכלט די מאַמע.
זאָגט פֿייגעלע:
— איך וועל ציילן בּיז צען.
פֿייגעלע ציילט בּיז צען.
זי נעמט די מעדיצין.
די מאַמע קוקט און זאָגט:
— אַ געזונט אין דײַן קעפּעלע, פֿייגעלע.

# לאָמיר
# לייענען
# לערנען
# שפּילן



געזונט
די שליטעלעך
קאַלט
שניי
דער
פֿריילעך
וואַרעם
ניט געזונט
זיך שליטלען
זיי קוקן
די הענט
דאָס קעפּעלע
דער האַלדז
אַלע קוקן
ער קוקט

# איך וויל העלפֿן, מאַמע

די קינדער קומען פֿון שול און פֿרעגן:
– מאַמע, וואָס מאַכט פֿייגעלע?
זאָגט די מאַמע:
– בעסער, קינדער, זי שלאָפֿט. זײַט שטיל.
די קינדער ריידן זייער שטיל.
גיטעלע פֿרעגט:
– מאַמע, קען איך דיר העלפֿן?
און מאָטעלע זאָגט:
– איך וויל אויך העלפֿן, מאַמע.
זאָגט די מאַמע:
– גוט, קינדער, איר קענט מיר העלפֿן.



# די קינדער העלפֿן



די מאַמע גיט מאָטעלען געלט און זי זאָגט:

— מאָטעלע, גיי קויפֿן ברויט.

און צו גיטעלען זאָגט די מאַמע:

— גיטעלע, העלף מיר וואַשן די טעלער.

מאָטעלע נעמט דאָס געלט.

ער גייט קויפֿן ברויט.

גיטעלע העלפֿט וואַשן די טעלער.

זי וואַשט און זי זינגט שטיל אַ ליד.

עס איז אַ ליד פֿון אַ מיידעלע,

וואָס העלפֿט איר מאַמען.

די מאַמע שמייכלט:

— עס איז אַ שיין ליד, גיטעלע,

זייער אַ שיין ליד.

# דער טאַטע קומט אַהיים



דער טאַטע קומט אַהיים פֿון
דער אַרבעט.
ער פֿרעגט:
– וואָס מאַכט פֿייגעלע?
די מאַמע ענטפֿערט:
– בעסער, זי נעמט די מעדיצין
ווי אַ גוט מיידעלע.
– וואָס זאָגט דער דאָקטער? –
פֿרעגט דער טאַטע.
– דער דאָקטער זאָגט אַז דער האַלדז
איז אַ ביסל רויט.
זי וועט ליגן אין בעט צוויי טעג
און זי וועט ווידער זײַן געזונט –
זאָגט די מאַמע.
– און וואָס מאַכן די קינדער?
פֿרעגט דער טאַטע און ער שמייכלט.
זאָגט מאָטעלע:
– מיר העלפֿן דער מאַמען.
און גיטעלע זאָגט:
– יאָ, יאָ, טאַטע,
מיר העלפֿן דער מאַמען.



לייענען · לערנען · שפּילן
דאָס ברויט
העלפֿן
ריידן
זינג!
די טעלער
זייער גוט
שלאָפֿן
דאָס געלט
זע!
זייער שטיל
זייער שיין
גיי!

# מאָטעלע<br>ווערט אַכט יאָר



הײַנט איז מאָטעלעס געבורטסטאָג.
מאָטעלע ווערט אַכט יאָר.
אַז מאָטעלע שטייט אויף,
זאָגט די מאַמע:
— אַ פֿריילעכער געבורטסטאָג!
און אַלע שרײַען אויס:
— אַ פֿריילעכער געבורטסטאָג, מאָטעלע!
די מאַמע זאָגט:
— מאָטעלע, מיר מאַכן שבת אַ יום־טובֿ.
בעט אַלע דײַנע פֿרײַנד צו קומען.
— און ווער נאָך קומט
צו מאָטעלעס געבורטסטאָג? —
פֿרעגט דער טאַטע און ער שמייכלט.
— ווער? — פֿרעגן די קינדער.
— ווער נאָך קומט?

# דער פּעטער מלך

דער טאַטע שמייכלט און ער זאָגט:
— דער פּעטער מלך קומט.

אַלע ווערן פֿריילעך.

פֿייגעלע איז שוין געזונט. זי שרײַט:
— דער פּעטער מלך, דער פּעטער מלך!

און גיטעלע זאָגט:
— עס וועט שוין זײַן פֿריילעך.
די קינדער גייען אַוועק אין שול.
זיי זײַנען זייער פֿריילעך.
שבת וועט זײַן אַ יום־טובֿ פֿאַר מאַטעלען.
און זיי זײַנען פֿריילעך:
עס קומט דער גוטער פּעטער מלך.
דער פּעטער מלך קען מאַכן קונצן.
ער קען זינגען שיינע לידער.
ער קען דערציילן אַ שיינע מעשׂה.



# מאָטעלעס געבֿורטסטאָג

עס איז שבת.
מאָטעלעס אַלע פֿרײַנד זײַנען דאָ.
אַלע עסן גוטע זאַכן,
זיי זינגען פֿריילעכע לידער.
די קינדער זינגען אַ שיין ייִדיש ליד:



צו דײַן געבֿורטסטאָג,
צו דײַן יום־טובֿ הײַנט,
זײַנען געקומען
אַלע דײַנע גוטע פֿרײַנד.

עס קומט דער פֿעטער מלך.
— גוט־יום־טובֿ! —
זאָגט פֿריילעך דער פֿעטער מלך.
און אַלע קינדער שרײַען:
— גוט־יום־טובֿ, פֿעטער מלך!
דער פֿעטער מלך זאָגט:
— עס איז צו שטיל, קינדער.
עס איז הײַנט אַ פֿריילעכער טאָג.
מאָטעלע ווערט אַכט יאָר.
לאָמיר אַלע זינגען.

# ווער וויל זען קונצן?

דער פּעטער מלך זינגט:

לאָמיר מאַטעלען באַגריסן...

און אַלע קינדער העלפֿן:

לאָמיר מאַטעלען באַגריסן,
לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר,
לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר,
לאָמיר מאַטעלען באַגריסן.

נאָך דעם פֿרעגט דער פּעטער מלך:

— ווער וויל זען קונצן?

שרייַען די קינדער:

— אַלע! אַלע ווילן זען קונצן!

זאָגט דער פּעטער מלך:

— גוט, קינדער, זיצט אַלע שטיל
און קוקט מיט
ביידע אויגן.



# דער פֿעטער מלך מאַכט קונצן

ער נעמט אַ פּעני און לייגט עס אויף דער האַנט.
ער ווײַזט אויף דער פּעני און ער פֿרעגט:
— עס איז דאָ?
שרײַען די קינדער:
— יאָ, עס איז דאָ!
ציילט דער פֿעטער מלך שטיל:

איינס איז גוט,
צוויי איז פֿײַן,
זאָל די פּעני
מער ניט זײַן.

די קינדער קוקן
אויף דעם פֿעטער מלכס האַנט.
יאָ, די פּעני איז מער ניטאָ.
לאַכן די קינדער און זיי בעטן:
— זאָל די פּעני ווידער זײַן!
זאָגט דער פֿעטער מלך:
— גוט, קינדער, קוקט אַלע אויף מײַן האַנט.
קוקט מיט ביידע אויגן.



איינס איז גוט,
צוויי איז פֿײַן,
זאָל די פּעני
ווידער זײַן!

די פּעני איז ווידער דאָ
אין פֿעטער מלכס האַנט.
די קינדער לאַכן. די קינדער זײַנען פֿריילעך.
זיי ווילן נאָך און נאָך קונצן.



# אַ פֿריילעכער יום־טובֿ



הײַנט איז פּורים, ברידער,
עס איז דער יום־טובֿ גרויס.
לאָמיר זינגען לידער
און גיין פֿון הויז צו הויז.

הײַנט איז פּורים,
מאָרגן איז אויס,
גיב מיר אַ פּעני
און וואַרף מיך אַרויס.





# די מעשׂה פֿון דער מגילה



דער לערער דערציילט
די מעשׂה פֿון דער מגילה.
ער דערציילט פֿון אַ שלעכטן מענטשן, המן.
דאָס איז געווען זייער אַ שלעכטער מענטש.
ער דערציילט פֿון אַ שיין מיידל, אסתּר.
זי איז געווען אַ ייִדיש מיידל.
עס איז אַ לאַנגע מעשׂה.
עס איז אַ שיינע מעשׂה.
נאָך דעם זאָגט דער לערער:
— קינדער, לאָמיר זינגען די פּורים־לידער.
די קינדער שרײַען:
— יאָ, יאָ, לאָמיר זינגען.
דער לערער זינגט מיט די קינדער.
זיי זינגען די שיינע פּורים־לידער.

# פּורים



## בײַ דעם טיש

די גאַנצע משפּחה זיצט בײַ דעם טיש.
דער פֿעטער מלך איז אויך דאָ.
עס איז פּורים. עס איז פֿריילעך.
אויף דעם טיש זײַנען דאָ גוטע זאַכן.
דער טאַטע זאָגט צו די קינדער:
— לאָמיר זינגען אַ פּורים־ליד.
מאָטעלע זינגט אַ ליד. אַלע העלפֿן.
פֿייגעלע וויל אויך העלפֿן.
זי זינגט ניט. זי שרײַט.
דער טאַטע שמייכלט.
די מאַמע שמייכלט.
דער טאַטע זאָגט:
— הײַנט קענט איר טומלען, קינדער.
הײַנט איז פּורים.

די מגילה.

די מעשׂה
אַ גוטער
דער יום־טובֿ
אַ שלעכטער
אַ פֿריילעכער
די גאַנצע משפּחה
פֿון הויז צו הויז
נאָך דעם
טומלען
אַ גוטע זאַך
גוטע זאַכן
וואַרף מיך אַרויס

# אַ שפּיל אין גראַמען

דער פֿעטער מלך שפּילט מיט די קינדער
אַ שפּיל אין גראַמען.
דער פֿעטער מלך זאָגט:
– קינדער, זיצט שיין און שטיל,
מיר הייבן אָן די שיינע שפּיל.
די קינדער זיצן שטיל.
דער פֿעטער מלך זאָגט:
– איך גיי.
זאָגט גיטעלע:
– און איך שטיי.
און מאַטעלע זאָגט:
– אין אַ ריי.
די מאַמע ציילט: – איינס און צוויי.
זאָגט מאַטעלע: – עס פֿאַלט אַ שניי.



פֿייגעלע שפּילט אויך. זאָגט זי:
– און מײַן קעפּעלע טוט מיר וויי.
לאַכן אַלע. דער פֿעטער מלך לאַכט אויך.
ער זאָגט:
– מיר זיצן אַלע בײַם טיש.
זאָגט גיטעלע:
– און מיר עסן חלה מיט פֿיש.
לאַכט דער פֿעטער מלך:
– איך קען שיינע לידער.
שרײַט מאָטעלע:
– מיר זײַנען אַלע ברידער.
דער פֿעטער מלך זאָגט:
– איך קען אַ ליד „מיר זײַנען אַלע ברידער".



# אַ שיין ליד

דער פֿעטער מלך זאָגט:
עס איז ווייער אַ שיין ליד,
– זינגט דאָס ליד, זינגט דאָס ליד –
בעטן די קינדער.
דער פֿעטער מלך זינגט
און די קינדער העלפֿן זינגען:

און מיר זײַנען אַלע ברידער,
אוי, אוי, אַלע ברידער.
און מיר זינגען שיינע לידער,
אוי, אוי, אוי.

און מיר האַלטן זיך אין איינעם,
אוי, אוי, זיך אין איינעם,
און מיר האַלטן זיך אין איינעם,
אוי, אוי, אוי.

טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.
טראַ־לאַ־לאַ.

# העלאָ, העלאָ, העלאָ!



עס איז אַ שיינער טאָג.
די קינדער גייען אַהיים פֿון שול.
די זון איז וואַרעם. דער שניי איז ניטאָ.
זאָגט גיטעלע:
— זע, עס קומט דער פֿרילינג.
און פּערעלע זאָגט:
— איך האָב זייער ליב פֿרילינג.
איך האָב ליב די זון.
איך האָב ליב די פֿייגעלעך.
סערעלע זאָגט:
— קינדער, איך קען אַ ליד פֿון פֿרילינג,
עס איז אַ שיין ליד:



העלאָ, העלאָ, העלאָ!
דער פֿרילינג איז שוין דאָ.
דער פֿרילינג קומט, דער פֿרילינג גייט
מיט זון, מיט פֿייגעלעך, מיט פֿרייד
דער פֿרילינג איז שוין דאָ!
העלאָ, העלאָ, העלאָ!



די קינדער גייען אַהיים פֿריילעכע.
זיי זינגען דאָס שיינע ליד פֿון פֿרילינג.
די מענטשן הערן דאָס ליד און זיי
שמייכלען.

לאָמיר

לייענען

לערנען

שפּילן


די זון
דער ברודער
די ברידער
דאָס ליד
די לידער
דאָס פֿייגעלע
די פֿייגעלעך
דער מענטש
די מענטשן
מיר זיצן
מיר עסן
מיר זײַנען פֿריילעך
גראַמען
שפּילט
אַ שפּיל
דער פֿרילינג
אַ פֿרייד

# פּסח

פּסח ליבער, פּסח שיינער,
קום שוין גיכער, קום אַרײַן,



עס וואַרט אויף דיר די פֿרישע מצה,
און דער גוטער זיסער ווײַן.

# דער ליבער יום־טובֿ פּסח קומט

עס איז אַ שיינער טאָג. די זון שײַנט.
די מאַמע, גיטעלע, מאָטעלע און פֿייגעלע
גייען קויפֿן נײַע קליידער.
די מאַמע קויפֿט פֿאַר מאָטעלען נײַע שיך.
פֿאַר גיטעלען קויפֿט די מאַמע
אַ רויט קליידעלע.
און פֿאַר פֿייגעלען קויפֿט זי אַ ווײַס קליידעלע.
די קינדער האָבן ליב נײַע זאַכן.
די מאַמע זאָגט:
— קינדער, לאָמיר גיין קויפֿן עסן אויף פּסח.
פֿייגעלע פֿרעגט:
— מאַמע, וויפֿל טעג איז פּסח?
זאָגט מאָטעלע:
— פּסח איז אַכט טעג.
די מאַמע קויפֿט מצה. זי קויפֿט ווײַן.
זי קויפֿט נאָך און נאָך גוטע זאַכן.
די קינדער גייען אַהיים פֿריילעכע.
זיי העלפֿן טראָגן די גוטע זאַכן אַהיים.



# משה



## אויפֿן ניל

שווימט דאָס קעסטל אויפֿן טײַך,
אויפֿן גרויסן ניל.
שווימט דאָס קעסטל רואיק, גלײַך,
שווימט דאָס קעסטל שטיל.



# דאָס לעמעלע

דאָס לעמעלע
קען מער ניט גיין.
עס ליגט אין זאַמד
אַליין, אַליין.

דאָס וואַסער — ווײַט,
די זון — זי ברענט.
נעמט עס משה
אויף די הענט.



# מאָטעלע פֿרעגט די פֿיר קשיות

די גאַנצע משפּחה גייט צום זיידן
און צו דער באָבען צום סדר.
דער פֿעטער מלך קומט אויך,
אַלע טראָגן נײַע קליידער.
אויפֿן טיש איז דאָ מצה און װײַן.
די באָבע צינדט די ליכט און זי זאָגט:
— גוט־יום־טובֿ אײַך אַלעמען!
אַלע זאָגן:
— גוט־יום־טובֿ! גוט־יום־טובֿ!
און זיי זעצן זיך צום טיש.
דער זיידע זאָגט די הגדה און אַלע העלפֿן.
מאָטעלע פֿרעגט די פֿיר קשיות.

פֿאַר וואָס איז די דאָזיקע נאַכט פֿון סדר
אַנדערש פֿון אַלע נעכט פֿון אַ גאַנץ יאָר?



# טײַערע מלכּה



אַלע זינגען לידער פֿון פּסח.
די מאַמע גייט אַרײַן אין קיך.
זי העלפֿט דער באָבען.
די באָבע און די מאַמע
ברענגען אַרײַן דאָס עסן.
אַלע טרינקען ווײַן.
מאָטעלע און גיטעלע טרינקען אויך.
זאָגט פֿייגעלע:
— איך וויל אויך אַ ביסל ווײַן.
זאָגט דער פֿעטער מלך:

אַז אַ מיידעלע טרינקט ווײַן,
שלאָפֿט דאָס מיידעלע אײַן.

זאָגט פֿייגעלע:
— גיב מיר אַ ביסעלע, אַ קליין ביסעלע!
איך וועל ניט שלאָפֿן.
דער טאַטע גיט פֿייגעלען אַ ביסעלע ווײַן.
פֿייגעלע טרינקט און זי זאָגט:
— זע, איך טרינק און איך שלאָף ניט אײַן.
לאַכן אַלע. אַלע זײַנען פֿריילעך.
דער טאַטע זאָגט:
— קינדער, לאָמיר הערן אַ שיין ליד פֿון פּסח.
די קינדער זינגען:

טײַערע מלכּה,
געזונט זאָלסטו זײַן.

גיב מיר דעם בעכער,
דעם בעכער מיט ווײַן.



# מיר זינגען ניט

מיר זינגען ניט. מיר לאַכן ניט.
מיר שפּילן ניט קיין שפּיל.
דער לערער רעדט פֿון בייזע טעג,
רעדט טרויעריק און שטיל.

זיי האָבן ייִדן, יונג און אַלט,
געהרגעט אַזוי פֿיל.
מיר זינגען ניט. מיר לאַכן ניט.
מיר זיצן זייער שטיל.

# ישׂראל

דאָס לאַנד איז שיין,
דער מענטש צופֿרידן,
עס בויט זיך גיך
דאָס לאַנד פֿון ייִדן.





# דער זיידע און די באָבע פֿליִען קיין ישׂראל




דער זיידע און די באָבע פֿליִען קיין ישׂראל.
נאָכן סדר זאָגט דער זיידע:
— קינדער, איך און די באָבע
פֿליִען קיין ישׂראל.
מיר פֿליִען אויף גאַנצע פֿיר וואָכן.
זאָגט מאָטעלע:
— ישׂראל איז אַ ייִדיש לאַנד.
עס איז אַ שיין לאַנד.
עס איז אַ נײַ לאַנד.
שרײַט פֿייגעלע:
— זיידע, באָבע,
איך וויל אויך פֿליִען קיין ישׂראל.



# עס קומט דער ליבער זומער



עס איז אַ שיינער טאָג.

די זון שייַנט.

עס איז וואַרעם.

דער לערער זאָגט:

— נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך
און עס וועט זייַן זייער הייס.

— איך האָב ליב זומער! — שרייַט לייבעלע.

פֿרעגט דער לערער:

— פֿאַר וואָס האָסטו אַזוי ליב זומער?

ענטפֿערט לייבעלע:

— זומער גייט מען ניט אין שול...

אַלע קינדער לאַכן. דער לערער לאַכט אויך.

עס בליִען די ביימער,
עס וואַקסן די בלומען,
צו אונדז איז דער זומער,
דער זומער געקומען.



# אין די שיינע וואַרעמע טעג



מאַטעלע זאָגט:
– זומער בין איך אין קעמפּ.

סערעלע זאָגט:
– איך בין ניט אין קעמפּ,
מײַן משפּחה האָט אַ זומער־הויז.

און בערעלע זאָגט:
– איך בין זומער בײַ מײַן פֿעטער
אין קאַנאַדע.

פֿרעגט גיטעלע:
– וואָס טוט דער לערער זומער?

ענטפֿערט דער לערער:
– זומער האָב איך ליב צו שווימען.
זומער האָב איך ליב צו ליגן אויף דער זון.
זומער האָב איך ליב צו רוען.

זאָגט מאָטעלע:
– ווער עס לערנט מיט אונדז אַ גאַנץ יאָר
דאַרף טאַקע רוען.

די קינדער לאַכן. אויך דער לערער לאַכט:
– איר זײַט אַלע זייער גוטע קינדער.
איך האָב אײַך זייער ליב.

# די בעסטע מאַמע

באַלד ווערט זײַן מוטערס־טאָג.
די קינדער לערנען אין שול אַ נײַ ליד.
עס איז אַ ליד פֿון אַ מאַמען.
נאָך דעם דערציילט דער לערער אַ מעשׂה:
— אַ קליין ייִנגעלע שטייט אויף דער גאַס
און ער וויינט.

קומט צו אַ מאַן און פֿרעגט:
— פֿאַר וואָס וויינסטו, ייִנגעלע?
ענטפֿערט ניט דאָס ייִנגעלע. ער וויינט.

פֿרעגט דער מאַן נאָך אַ מאָל:
— וואָס איז, ייִנגעלע, פֿאַר וואָס וויינסטו?
— איך וויין... איך וויין...
איך ווייס ניט וואו מײַן מאַמע איז.

און דאָס ייִנגעלע נעמט ווידער וויינען:
— מאַמע, מאַמע!

פֿרעגט דער מאַן:
— ווער איז דײַן מאַמע, ייִנגעלע?

קוקט דאָס ייִנגעלע אויפֿן מאַן און ער זאָגט:
— מײַן מאַמע? מײַן מאַמע
איז די בעסטע מאַמע
אויף דער גאַנצער וועלט.



# אַ מתּנה דער מאַמען

הײַנט איז מוטערס־טאָג.
די קינדער שטייען אויף פֿרי.
גיטעלע זאָגט:
— פֿייגעלע, זאָל זײַן זייער שטיל.
זאָל די מאַמע הײַנט שלאָפֿן לענגער.
הײַנט מאַכן מיר פֿרישטיק
פֿאַר דער מאַמען און פֿאַרן טאַטן.
פֿייגעלע, גיטעלע און מאָטעלע גייען אין קיך.
זיי נעמען דאָס עסן און שטעלן עס אויפֿן טיש.
די מאַמע שטייט אויף.
דער טאַטע שטייט אויף.
אַלע קינדער שרײַען:
— אַ פֿריילעכן מוטערס־טאָג, מאַמע!
די מאַמע זאָגט:
— אַ דאַנק, קינדער, אַ דאַנק!
זי גייט אין קיך, זעט זי:
אַלץ שטייט שוין אויפֿן טיש.
שמייכלט די מאַמע און זי זאָגט:
— אַ דאַנק, קינדער, אַ דאַנק.
דאָס איז זייער אַ שיינע מתּנה.

די קינדער זינגען:

מוטערס־טאָג,
מוטערס־טאָג,
ווי טײַער און ווי פֿײַן!
ווי טײַער און ווי פֿײַן!
מוטערס־טאָג,
מוטערס־טאָג,
וואָס קען נאָך שענער זײַן?
וואָס קען נאָך שענער זײַן?





זומער
היים
ווינטער
פֿרילינג
קאַלט
רוען
וואַרעם
שווימען
האָסטו?
וויינסטו?
דאָס הויז
אַ גאַנץ יאָר
די גאַס
די וועלט
די גאַנצע משפּחה
אויף דער גאַנצער וועלט.



# שבֿועות

פּסח אַוועק,
שבֿועות געקומען;
וואַרעמע טעג,
עס בליִען די בלומען.

נאָר אויף צוויי טעג
איז שבֿועות געקומען;
גייט ער אַוועק —
בלײַבן אונדז בלומען.



# דער יום־טובֿ פֿון לערנען

אין שול איז הײַנט אַ יום־טובֿ.
אויפֿן לערערס טיש זײַנען דאָ בלומען.
וואָס איז דאָס פֿאַר אַ יום־טובֿ?
הײַנט איז ניט דער יום־טובֿ חנוכּה.
עס איז ניט דער יום־טובֿ פּורים.
עס איז ניט דער יום־טובֿ פּסח.
עס איז ניט דער יום־טובֿ שבֿועות.
וואָס פֿאַר אַ יום־טובֿ איז הײַנט אין שול?

דער לערער שרײַבט אויפֿן טאָוול:
– הײַנט איז אַ יום־טובֿ.
דער יום־טובֿ פֿון שול,
דער יום־טובֿ פֿון לערנען.

נאָך דעם זאָגט דער לערער:
– דאָס ערשטע יאָר פֿון לערנען אין שול
גייט אַוועק.
איר זײַט גוטע קינדער.
איר האָט ליב די שול.
איר האָט ליב דאָס לערנען.
איר קענט שוין אַ ביסל לייענען ייִדיש.
איר קענט שוין אַ ביסל שרײַבן ייִדיש.
איר קענט שוין אַ ביסל ריידן ייִדיש.
איר קענט שוין זינגען ייִדישע לידער.
און איר ווייסט שוין אַ ביסל
פֿון אַ ייִדישן יום־טובֿ.

# אויפֿן פּריפּעטשיק

דער לערער נעמט אַ בוך אין האַנט
און ער זאָגט:
— דאָס איז דאָס נײַע ייִדישע בוך.
— דאָס בוך וועלן מיר לערנען אין קלאַס ב.
די קינדער נעמען די נײַע ביכער.
זיי זײַנען פֿריילעך און זיי זײַנען אומעטיק.
זיי זײַנען פֿריילעך, ווײַל זיי וועלן צען וואָכן
ניט גיין אין שול.
זיי זײַנען אומעטיק, ווײַל זיי וועלן צען וואָכן
ניט זען דעם לערער.
דער לערער זאָגט:
— קינדער, לאָמיר זינגען אַ נײַ ליד.
די קינדער זינגען מיט דעם לערער:



אויפֿן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿײַערל
און אין שטוב איז הייס,
און דער רבי לערנט קליינע קינדערלעך
דעם אַלף־בית.
זאָגט זשע, קינדערלעך,
געדענקט זשע, טײַערע,
וואָס איר לערנט דאָ.
זאָגט זשע נאָך אַ מאָל
און טאַקע נאָך אַ מאָל:
קמץ־אַלף — אָ.





די קינדער זינגען אַ סך ייִדישע לידער.

זיי גייען צו צו דעם לערער און זיי זאָגן:

— אַ גוטן־טאָג, לערער!

— האָט אַ פֿריילעכן זומער, לערער!

און דער לערער זאָגט:

— קינדער, האָט אַ פֿריילעכן

און אַ געזונטן זומער.

איך וועל אײַך אַלע זען אין קלאַס ב.

זײַט געזונט!

זײַט געזונט, קינדער!

— זײַט געזונט, לערער!

# ווערטערבוך

| English | Transliteration | Yiddish |
|---|---|---|
| **P. 11** | **p. 11** | **ז' 11** |
| the | di | די |
| children | kinder | קינדער |
| go | geyen | גייען |
| to, in | in | אין |
| school | shul | שול |
| **P. 12** | **P. 12** | **ז' 12** |
| Motele (name) | Motele | מאָטעלע |
| goes | geyt | גייט |
| Gitele (name) | Gitele | גיטעלע |
| and | un | און |
| **P. 13** | **P. 13** | **ז' 13** |
| (he, she) comes, (they) come | kumt, kumen | קומט, קומען |
| good morning! | gut-morgn! | גוט־מאָרגן! |
| teacher | lerer | לערער |
| **P. 14** | **P. 14** | **ז' 14** |
| (he, she) says, (they) say | zogt, zogn | זאָגט, זאָגן |
| all | ale | אַלע |
| the | der | דער |
| **P. 15** | **P. 15** | **ז' 15** |
| (he, she) sings, (they) sing | zingt, zingen | זינגט, זינגען |
| to you | aykh | אײַך |
| everyone | alemen | אַלעמען |
| the, this | dos | דאָס |
| song | lid | ליד |
| **P. 16** | **P. 16** | **ז' 16** |
| is | iz | איז |
| a | a | אַ |
| Jewish | yidishe | ייִדישע |
| let's | lomir | לאָמיר |
| Yiddish (language) | yidish | ייִדיש |
| **P. 19** | **P. 19** | **ז' 19** |
| happy New Year! | leshone toyve! | לשנה טובֿה! |
| a good year! | a gut-yor! | אַ גוט־יאָר! |
| **P. 21** | **P. 21** | **ז' 21** |
| I | ikh | איך |
| am | bin | בּין |
| child | kind | קינד |
| know, can | ken | קען |
| sing | zing | זינג |
| **P. 22** | **P. 22** | **ז' 22** |
| be | zayn | זײַן |
| friend(s) | fraynd | פֿרײַנד |
| good | gute | גוטע |

| | | |
|---|---|---|
| **P. 25** | **P. 25** | **ז' 25** |
| tabernacle (for Succoth holiday) | suke | סוכה |
| happy holiday! | gut-yomtev! | גוט־יום־טובֿ ! |
| to you | dir | דיר |
| (to) sit | zitsn | זיצן |
| with | mit | מיט |
| me | mir | מיר |
| **P. 26** | **P. 26** | **ז' 26** |
| flag | fon | פֿאָן |
| pretty, nice | sheyn | שיין |
| it is | es iz | עס איז |
| today | haynt | הײַנט |
| **P. 27** | **P. 27** | **ז' 27** |
| happy | freylekh | פֿריילעך |
| I like (enjoy) | ikh hob lib | איך האָב ליב |
| who | ver | ווער |
| **P. 28** | **P. 28** | **ז' 28** |
| to | tsu | צו |
| to dance | tantsn | טאַנצן |
| to jump | shpringen | שפּרינגען |
| to laugh | lakhn | לאַכן |
| to make | makhn | מאַכן |
| **P. 29** | **P. 29** | **ז' 29** |
| (they) read, (he, she) reads | leyenen, leyent | לייענען, לייענט |
| you (plural) | ir | איר |
| well (good) | gut | גוט |
| **P. 31** | **P. 31** | **ז' 31** |
| good day! good-bye! | a gutn-tog! | אַ גוטן־טאָג ! |
| to (your) home | aheym | אַהיים |
| take | nemt | נעמט |
| books | bikher | ביכער |
| tomorrow | morgn | מאָרגן |
| again | vider | ווידער |
| Jewish | yidisher | ייִדישער |
| learn | lernen | לערנען |
| **P. 32** | **P. 32** | **ז' 32** |
| you are | ir zayt | איר זײַט |
| they | zey | זיי |
| good evening! | gutn-ovnt! | גוטן־אָוונט ! |
| mother | mame | מאַמע |
| see | ze | זע |
| I have | ikh hob | איך האָב |
| book | bukh | בוך |
| from | fun | פֿון |
| very | zeyer | זייער |

| | | |
|---|---|---|
| **P. 33** | **P. 33** | ז' 33 |
| (he, she) teaches | lernt | לערנט |
| us | undz | אונדז |
| to speak | reydn | ריידן |
| songs | lider | לידער |
| (to) hear | hern | הערן |
| **P. 34** | **P. 34** | ז' 34 |
| go | geyn | גיין |
| also | oykh | אויך |
| little boy | yingele | ייִנגעלע |
| little girl | meydele | מיידעלע |
| herself | aleyn | אַליין |
| **P. 37** | **P. 37** | ז' 37 |
| (they) write, (he, she) writes | shraybn, shraybt | שרײַבן, שרײַבט |
| let there be | zol zayn | זאָל זײַן |
| a little | a bisele | אַ ביסעלע |
| silence, quiet | shtil | שטיל |
| sit | zitst | זיצט |
| take | nemen | נעמען |
| notebook(s) | heft(n) | העפֿט, העפֿטן |
| **P. 38** | **P. 38** | ז' 38 |
| a little bit | a bisl | אַ ביסל |
| becomes | vert | ווערט |
| full | fule | פֿולע |
| bowl | shisl | שיסל |
| on the | oyfn | אויפֿן |
| blackboard | tovl | טאָוול |
| know how | kent | קענט |
| already | shoyn | שוין |
| **P. 39** | **P. 39** | ז' 39 |
| little children | kinderlekh | קינדערלעך |
| full | ful | פֿול |
| likes | hot lib | האָט ליב |
| he | er | ער |
| new | nay | נײַ |
| **P. 40** | **P. 40** | ז' 40 |
| gets up, stands up | shteyt oyf | שטייט אויף |
| go | gey | גיי |
| learn | lern | לערן |
| to understand | farshteyn | פֿאַרשטיין |

| P. 41 | P. 41 | ז' 41 |
|---|---|---|
| one | eyns | איינס |
| up to | biz | בּיז |
| ten | tsen | צען |
| asks | fregt | פֿרעגט |
| who | ver | ווער |
| (to) count, (he, she) counts | tseyln, tseylt | ציילן, ציילט |
| in Yiddish | oyf yidish | אויף ייִדיש |
| **P. 42** | **P. 42** | **ז' 42** |
| two | tsvey | צוויי |
| quickly | gikher | גיכער |
| in a line, row | in a rey | אין אַ ריי |
| four | fir | פֿיר |
| **P. 45** | **P. 45** | **ז' 45** |
| seven | zibn | זיבן |
| brothers | brider | בּרידער |
| days | teg | טעג |
| week | vokh | וואָך |
| what | vos | וואָס |
| are | zaynen | זײַנען |
| **P. 46** | **P. 46** | **ז' 46** |
| father | tate | טאַטע |
| works | arbet | אַרבּעט |
| five | finf | פֿינף |
| my | mayn | מײַן |
| not | nit | ניט |
| yes | yo | יאָ |
| at home | in der heym | אין דער היים |
| your | ayer | אײַער |
| tailor | shnayder | שנײַדער |
| **P. 47** | **P. 47** | **ז' 47** |
| this is the way | ot azoy | אָט אַזוי |
| sews | neyt | נייט |
| really | dokh | דאָך |
| thread | fodem | פֿאָדעם |
| whole | gantse | גאַנצע |
| write | shrayb | שרײַב |
| **P. 48** | **P. 48** | **ז' 48** |
| him | dem | דעם |
| smile | shmeykhl | שמייכל |
| laugh | lakh | לאַך |
| thing | zakh | זאַך |

| P. 51 | P. 51 | ז' 51 |
|---|---|---|
| Saturday | shabes | שבת |
| Friday | fraytik | פֿרײַטיק |
| (to) sleep | shlofn | שלאָפֿן |
| longer, later | lenger | לענגער |
| (I am, they are) able | ken, kenen | קען, קענען |
| if | az | אַז |
| allows, lets | lozt | לאָזט |
| laughs | lakht | לאַכט |
| **P. 52** | **P. 52** | **ז' 52** |
| dress | kleydele | קליידעלע |
| girl's name (also bird) | Feygele | פֿייגעלע |
| our | undzer | אונדזער |
| little sister | shvesterl | שוועסטערל |
| clean | reyn | ריין |
| in his arms | oyf di hent | אויף די הענט |
| to the table | tsu dem tish | צו דעם טיש |
| family | mishpokhe | משפחה |
| **P. 53** | **P. 53** | **ז' 53** |
| all over the world | oyf der velt | אויף דער וועלט |
| at the | baym | בײַם |
| late | shpet | שפעט |
| gives, serves | git | גיט |
| food | esn | עסן |
| khale, white bread | khale | חלה |
| fish | fish | פֿיש |
| **P. 55** | **P. 55** | **ז' 55** |
| Hannukah | khanuke | חנוכה |
| menorah (Hannukah lamp) | menoyre | מנורה |
| dreydl, spinning top | dreydl | דריידל |
| candles | likhtlekh | ליכטלעך |
| pancakes | latkes | לאַטקעס |
| **P. 56** | **P. 56** | **ז' 56** |
| after | nokh | נאָך |
| money | gelt | געלט |
| shouts | shrayt | שרײַט |
| grandfather, (to) grandfather | zeyde, zeydn | זיידע, זיידן |
| grandmother, (to) grandmother | bobe, boben | באָבע, באָבען |
| answer | entfern | ענטפֿערן |
| lights | tsindt on | צינדט אָן |

| P. 57 | P. 57 | ז' 57 |
|---|---|---|
| makes | makht | מאַכט |
| house | hoyz | הויז |
| warm | varem | וואַרעם |
| to the | tsum | צום |
| to your health! | tsu gezunt! | צו געזונט ! |
| small | kleyn | קליין |
| not | nit keyn | ניט קיין |
| enjoy it! | est gezunt! | עסט געזונט ! |
| **P. 58** | **P. 58** | **ז' 58** |
| made | gemakht | געמאַכט |
| smiles | shmeykhlt | שמייכלט |
| receive | bakumt | באַקומט |
| (to) Gitele | Gitelen | גיטעלען |
| (to) Motele | Motelen | מאָטעלען |
| here is | na | נאַ |
| **P. 61** | **P. 61** | **ז' 61** |
| snow | shney | שניי |
| look | kukn | קוקן |
| white | vayser | ווײַסער |
| snowman | shney-mentsh | שניי־מענטש |
| **P. 62** | **P. 62** | **ז' 62** |
| winter | vinter | ווינטער |
| park | park | פּאַרק |
| cold | kalt | קאַלט |
| sled(s) | shlitele(kh) | שליטעלע, שליטעלעך |
| go sleigh riding | shlitlen zikh | שליטלען זיך |
| Motele's | Moteles | מאָטעלעס |
| falls | falt | פֿאַלט |
| **P. 63** | **P. 63** | **ז' 63** |
| in the morning | in der fri | אין דער פֿרי |
| not well | nit gezunt | ניט געזונט |
| lies | ligt | ליגט |
| get up! | shtey oyf! | שטיי אויף ! |
| head | kepele | קעפּעלע |
| hurts me | tut mir vey | טוט מיר וויי |
| **P. 64** | **P. 64** | **ז' 64** |
| doctor | dokter | דאָקטער |
| Feygele's | Feygeles | פֿייגעלעס |
| throat | haldz | האַלדז |
| red | royt | רויט |
| will | vet | וועט |
| bed | bet | בעט |
| medicine | meditsin | מעדיצין |
| your | dayn | דײַן |

| P. 67 | P. 67 | ז' 67 |
|---|---|---|
| want | vil | וויל |
| (to) help | helfn | העלפֿן |
| ask | fregn | פֿרעגן |
| better | beser | בעסער |
| she | zi | זי |
| is sleeping | shloft | שלאָפֿט |

| P. 68 | P. 68 | ז' 68 |
|---|---|---|
| to buy | koyfn | קויפֿן |
| bread | broyt | ברויט |
| wash, washes | vashn, vasht | וואַשן, וואַשט |
| dishes | teler | טעלער |
| helps | helft | העלפֿט |

| P. 69 | P. 69 | ז' 69 |
|---|---|---|
| how is Feygele? | vos makht Feygele? | וואָס מאַכט פֿייגעלע ? |
| how are the children? | vos makhn di kinder? | וואָס מאַכן די קינדער ? |

| P. 71 | P. 71 | ז' 71 |
|---|---|---|
| eight | akht | אַכט |
| years | yor | יאָר |
| birthday | geburtstog | געבורטסטאָג |
| happy | freylekher | פֿריילעכער |
| shout, cry out | shrayen oys | שרײַען אויס |
| your | dayne | דײַנע |

| P. 72 | P. 72 | ז' 72 |
|---|---|---|
| uncle Meylekh | feter Meylekh | פֿעטער מלך |
| away | avek | אַוועק |
| good | guter | גוטער |
| tricks | kuntsn | קונצן |
| tell | dertseyln | דערציילן |
| story | mayse | מעשׂה |
| nice | sheyne | שיינע |

| P. 73 | P. 73 | ז' 73 |
|---|---|---|
| are here | zaynen do | זײַנען דאָ |
| things | zakhn | זאַכן |
| happy | freylekhe | פֿריילעכע |
| came | gekumen | געקומען |
| shout | shrayen | שרײַען |
| day | tog | טאָג |

| P. 74 | P. 74 | ז' 74 |
|---|---|---|
| (to) see | zen | זען |
| let's welcome, greet | lomir bagrisn | לאָמיר באַגריסן |
| want | viln | ווילן |
| both | beyde | ביידע |
| eyes | oygn | אויגן |

| P. 75 | P. 75 | ז' 75 |
|---|---|---|
| penny | peni | פּעני |
| puts, places | leygt | לייגט |
| hand | hant | האַנט |
| shows | vayzt | ווײַזט |
| is it here? | es iz do? | עס איז דאָ? |
| fine | fayn | פֿײַן |
| more | mer | מער |
| be no more, vanish | mer nit zayn | מער ניט זײַן |
| Meylekh's | Meylekhs | מלכס |
| not here, disappeared | nito | ניטאָ |
| ask, beg | betn | בעטן |
| **P. 77** | **P. 77** | ז' 77 |
| Purim (holiday) | purim | פּורים |
| big, great | groys | גרויס |
| is gone, over | iz oys | איז אויס |
| throw me out | varf mikh aroys | וואַרף מיך אַרויס |
| give | gib | גיב |
| **P. 78** | **P. 78** | ז' 78 |
| Megillah (scroll read on Purim) | megile | מגילה |
| Haman | Homen | המן |
| Ahasuerus | Akhashverush | אַחשורוש |
| Esther | Ester | אסתּר |
| Mordecai | Mordkhe | מרדכי |
| **P. 79** | **P. 79** | ז' 79 |
| tells | dertseylt | דערציילט |
| king | meylekh | מלך |
| bad, evil | shlekhtn, shlekhter | שלעכטן, שלעכטער |
| (about) a man | mentshn | מענטשן |
| girl | meydl | מיידל |
| was | geven | געווען |
| long | lange | לאַנגע |
| afterwards | nokh dem | נאָך דעם |
| **P. 80** | **P. 80** | ז' 80 |
| at | bay | בײַ |
| make noise, be noisy | tumlen | טומלען |
| **P. 83-84** | **P. 83-84** | ז' 84-83 |
| game, play | shpil, shpilt | שפּיל, שפּילט |
| rhymes | gramen | גראַמען |
| begin | heybn on | הייבן אָן |
| stay | shtey | שטיי |
| **P. 85** | **P. 85** | ז' 85 |
| oh! | oy! | אוי! |
| keep, stay | haltn zikh | האַלטן זיך |
| together | in eynem | אין איינעם |

| English | Transliteration | Yiddish |
|---|---|---|
| **P. 86** | **P. 86** | **ז' 86** |
| spring | friling | פֿרילינג |
| beautiful, lovely | sheyner | שיינער |
| sun | zun | זון |
| birds | feygelekh | פֿייגעלעך |
| joy | freyd | פֿרייד |
| Sarah | Serele | סערעלע |
| people | mentshn | מענטשן |
| smile | shmeykhlen | שמייכלען |
| **P. 89** | **P. 89** | **ז' 89** |
| Passover | peysakh | פסח |
| beloved | liber | ליבער |
| come here | kum arayn | קום אַרײַן |
| waits | vart | וואַרט |
| fresh | frishe | פֿרישע |
| matzoh | matse | מצה |
| sweet | ziser | זיסער |
| wine | vayn | ווײַן |
| **P. 90** | **P. 90** | **ז' 90** |
| shines | shaynt | שײַנט |
| new | naye | נײַע |
| clothes | kleyder | קליידער |
| shoes | shikh | שיך |
| white | vays | ווײַס |
| how many | vifl | וויפֿל |
| buys | koyft | קויפֿט |
| (to) carry | trogn | טראָגן |
| **P. 91** | **P. 91** | **ז' 91** |
| Moses | Moyshe | משה |
| Nile (river) | nil | ניל |
| floats, drifts | shvimt | שווימט |
| basket | kestl | קעסטל |
| river | taykh | טײַך |
| large | groysn | גרויסן |
| gently | ruik | רויִק |
| straight | glaykh | גלײַך |
| **P. 92** | **P. 92** | **ז' 92** |
| little lamb | lemele | לעמעלע |
| no longer, no more | mer nit | מער ניט |
| sand | zamd | זאַמד |
| water | vaser | וואַסער |
| far | vayt | ווײַט |
| burns | brent | ברענט |

| English | Transliteration | Yiddish |
|---|---|---|
| **P. 93** | **P. 93** | **ז' 93** |
| questions | kashes | קשיות |
| seder | seyder | סדר |
| candles | likht | ליכט |
| Haggadah | hagode | הגדה |
| why | far vos | פֿאַר וואָס |
| this particular | di dozike | די דאָזיקע |
| night | nakht | נאַכט |
| nights | nekht | נעכט |
| different | andersh | אַנדערש |
| whole, entire | gants | גאַנץ |
| **P. 94** | **P. 94** | **ז' 94** |
| kitchen | kikh | קיך |
| bring in | brengen arayn | ברענגען אַרײַן |
| drink, drinks | trinken, trinkt | טרינקען, טרינקט |
| falls asleep | shloft ayn | שלאָפֿט אײַן |
| dear | tayere | טײַערע |
| queen | malke | מלכּה |
| you should | zolstu | זאָלסטו |
| may you be well! | gezunt zolstu zayn! | געזונט זאָלסטו זײַן! |
| cup, goblet | bekher | בעכער |
| **P. 95** | **P. 95** | **ז' 95** |
| speaks | redt | רעדט |
| bad times | beyze teg | בייזע טעג |
| sad | troyerik | טרויעריק |
| killed | geharget | געהרגעט |
| so many | azoy fil | אַזוי פֿיל |
| Jews | yidn | ייִדן |
| **P. 96** | **P. 96** | **ז' 96** |
| after | nokhn | נאָכן |
| fly | flien | פֿליִען |
| to Israel | keyn yisroel | קיין ישׂראל |
| four whole weeks | gantse fir vokhn | גאַנצע פֿיר וואָכן |
| **P. 97** | **P. 97** | **ז' 97** |
| country | land | לאַנד |
| is being built | es boyt zikh | עס בויט זיך |
| **P. 99** | **P. 99** | **ז' 99** |
| summer | zumer | זומער |
| it will be | es vet zayn | עס וועט זײַן |
| hot | heys | הייס |
| do you like | hostu lib | האָסטו ליב |
| blossom | blien | בליִען |
| trees | beymer | ביימער |
| flowers | blumen | בלומען |
| grow | vaksn | וואַקסן |

| English | Transliteration | Yiddish |
|---|---|---|
| **P. 100** | **P. 100** | ז' 100 |
| warm | vareme | וואַרעמע |
| camp | kemp | קעמפּ |
| Canada | kanade | קאַנאַדע |
| swim | shvimen | שווימען |
| rest | ruen | רוען |
| really has to | darf take | דאַרף טאַקע |
| **P. 101** | **P. 101** | ז' 101 |
| best | beste | בעסטע |
| soon | bald | באַלד |
| Mother's day | muterstog | מוטערסטאָג |
| street | gas | גאַס |
| cry, cries | veyn, veynt | וויין, וויינט |
| man | man | מאַן |
| do you cry | veynstu | וויינסטו |
| does not reply | entfert nit | ענטפֿערט ניט |
| I don't know | ikh veys nit | איך ווייס ניט |
| where | vu | וואו |
| **P. 102** | **P. 102** | ז' 102 |
| gift | matone | מתּנה |
| breakfast | frishtik | פֿרישטיק |
| the food | dos esn | דאָס עסן |
| put | shteln | שטעלן |
| thank you | a dank | אַ דאַנק |
| dear | tayer | טייַער |
| prettier | shener | שענער |
| **P. 105-106** | **P. 105-106** | ז' 105־106 |
| Shavuoth | shvues | שבֿועות |
| only | nor | נאָר |
| remain | blaybn | בלייַבן |
| what kind of a | vos far a | וואָס פֿאַר אַ |
| first | ershte | ערשטע |
| know | veyst | ווייסט |
| **P. 107-108** | **P. 107-108** | ז' 107־108 |
| fireplace | pripetshik | פּריפּעטשיק |
| will | veln | וועלן |
| class | klas | קלאַס |
| sad | umetik | אומעטיק |
| weeks | vokhn | וואָכן |
| because | vayl | ווייַל |
| small flame | fayerl | פֿייַערל |
| room | shtub | שטוב |
| teacher | rebe | רבי |
| small | kleyne | קליינע |
| Jewish alphabet | alef-beyz | אַלף־בית |
| remember | gedenkt zhe | געדענקט זשע |
| indeed | take | טאַקע |
| healthy | gezuntn | געזונטן |
| many more | nokh a sakh | נאָך אַ סך |

# אַ וואָרט פֿון מחבר

די ערשטע אויפֿלאַגע פֿון דעם בוך „ייִדישע קינדער א״ איז אַרויס אין יאָר 1959. אין משך פֿון דער צײַט זײַנען שוין געדרוקט געוואָרן פֿינף אויפֿלאַגעס, אין 25 טויזנט עקזעמפּלאַרן, וואָס זײַנען גענוצט געוואָרן אין ייִדישע שולן איבער גאָר דער וועלט. דער מחבר האָט געהאַט די פֿרייד צו זען ייִדישע קינדער לייענען און לערנען פֿון דעם בוך ניט נאָר אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, נאָר אויך אין די ייִדישע שולן אין דרום־אַמעריקע און מדינת ישׂראל. מיר האָבן אויך בריוו פֿון ייִדישע שולן אין אויסטראַליע, מעקסיקע, ווענעזועלאַ און פּאַריז, וואו דאָס בוך ווערט געלערנט מיט הצלחה. דער קאָנטראָלירטער וואָקאַבולאַר, די גרויסע צאָל לידער און די היימישע משפּחה־טעמאַטיק פֿונעם בוך האָבן געהאָלפֿן אָנהאַלטן דעם אינטערעס פֿון די תּלמידים.

פֿאַרן אַרויסגעבן די איצטיקע נײַע אויסגאַבע האָבן מיר געבעטן אַ צאָל לערערס אונדז צו שרײַבן זייערע דערפֿאַרונגען בײַם לערנען דאָס בוך, ווי אויך זייערע עצות ווי אַזוי עס אויסצובעסערן. מיט אַ טייל פֿון דער היפּשער צאָל ענטפֿערס און עצות האָבן מיר זיך גערעכנט בײַם איבעראַרבעטן דאָס איצטיקע בוך: מיר האָבן עס פֿאַרגרינגערט אַזוי, אַז די תּלמידים פֿון קלאַס א׳ זאָלן עס קענען פֿאַרענדיקן אין משך פֿון איין יאָר; מיר האָבן צוגעגעבן אַ צאָל יום־טובֿים, וואָס האָבן אין די ערשטע אויסגאַבעס געפֿעלט; און צום סוף פֿון יעדער טעמאַטישער אָפּטיילונג האָבן מיר צוגעגעבן אַ זײַטל מיט נײַע ווערטער, וואָס קענען גענוצט ווערן ווי אַ שפּיל, כּדי אײַנצוחזרן און אויסצולערנען דעם וואָקאַבולאַר. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער לערער וועט דאָ דאַרפֿן אַרויסווײַזן זײַנע שעפֿערישע אײַנפֿאַלן, אַז דאָס אײַנחזרן די ווערטער זאָל ניט ווערן מעכאַניש און בֿמילא ניט אינטערעסאַנט.

מיר האָבן אויך אײַנגעפֿירט אַ געוואַגטע נײַס: בכּדי צו געווינען דעם קינדס אינטערעס, עס זאָל מאָטיווירט ווערן צו וועלן לערנען ייִדיש, האָבן מיר אָנגעשריבן אַן אַרײַנפֿיר אין ענגליש (פֿאַר די שפּאַניש־רעדנדיקע לענדער גיבן מיר דעם אַרײַנפֿיר אין שפּאַניש). עס איז וויכטיק, אַז דער אַרײַנפֿיר זאָל געלייענט ווערן אין קלאַס, און דער לערער זאָל אַרויסהייבן די מאָטיווירונגען פֿאַר וואָס אַ ייִדיש קינד דאַרף לערנען ייִדיש. דער שעפֿערישער לערער קען אַנטוויקלען אַרום דעם אַרײַנפֿיר עטלעכע ביז גאָר אינטערעסאַנטע לעקציעס, וואָס זאָלן אים העלפֿן בײַם אָנהייבן דאָס לייענען.

צום סוף פֿון בוך ברענגען מיר אַ רשימה פֿון אַלע ווערטער, לויט די זײַטלעך אויף וועלכע זיי געפֿינען זיך. די ווערטער זײַנען אויך טראַנסליטערירט און איבערגעזעצט אויף ענגליש, כּדי זיי זאָלן זײַן אַ הילף ניט נאָר פֿאַרן תּלמיד, נאָר אויך פֿאַר די עלטערן וואָס קענען ניט קיין ייִדיש.

מיר דרוקן אויך די מוזיק צו די מערסטע לידער וואָס געפינען זיך אין בוך, ס׳רובֿ געשאַפן פון מיכל געלבאַרט ע״ה. די מוזיק איז צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק פון מלכּה גאָטליב; די גיטאַרע־אַקאָרדן זײַנען פון זלמן מלאָטעק. די לערערס וואָס קענען זינגען דאַרפן אַרײַנפּלעכטן דאָס געזאַנג ווי אַ טייל פון די לעקציעס; אַנדערע דאַרפן זאָרגן דערפאַר, אַז די לידער זאָלן אײַנגעזונגען ווערן פון די געזאַנג־לערערס.

מיר האָבן אויך געזאָרגט אַז די אילוסטראַציעס זאָלן זײַן מאָדערנער און קאָלירפולער. פאַר דעם קומט אַ דאַנק דער קינסטלערין צירל וואַלעצקי, וועלכע האָט אויך געהאָלפן אין דער קינסטלערישער פּלאַנירונג פון בוך.

דער מחבר האַלט אויך פאַר זײַן אָנגענעמען חובֿ צו דאַנקען דעם דיכטער און לערער פון די אַרבעטער־רינג־שולן מאַטעס אָליצקי פאַר זײַן גרויסער הילף בײַם איבעראַרבעטן דאָס בוך. אָליצקיס דערפאַרונג ווי אַ לאַנגיאָריקער לערער, וואָס לערנט נאָך איצט אין די קלאַסן, און זײַן טאַלאַנט ווי אַ דיכטער, האָבן אונדז שטאַרק געהאָלפן.

דאָס בוך גייט דערווײַל אַרויס אָן אַן אַרבעטס־בוך; דאָס צוגאָבּ־בוך פון יודל מאַרק וועט אויך פאַרגרינגערט ווערן און מיר האָפן דאָס צו טאָן בקרובֿ.

אין דעם בוך זײַנען אויך אויסגענוצט געוואָרן שאַפונגען פון אַנדערע מחברים. צוליב דעם קאָנטראָלירטן וואָקאַבולאַר האָבן מיר זיך אָפט גענומען די רעכט צו פאַרגרינגערן די שפּראַך פון די גענוצטע מאַטעריאַלן. די שאַפונגען זײַנען:

| | |
|---|---|
| קומט אַלע | י. קאַמינסקי |
| לאָמיר זינגען אַ ייִדיש ליד | וו. יונין |
| אויפן ניל | אַבֿרהם רייזען |
| דאָס לעמעלע | מ. אָליצקי |
| מיר זינגען ניט | מ. אָליצקי |
| שבֿועות | מ. ריוועסמאַן |
| אויפן פּריפּעטשיק | מ. מ. וואַרשאַווסקי |

אַלע אַנדערע טעקסטן זײַנען דעם מחברס. מיר האָפן אַז דאָס בוך וועט נושׂא חן זײַן בײַם ייִדישן קינד, און עס וועט אים געבן אַ ישטויס צו וועלן זיך ווײַטער לערנען און קומען נעענטער צו די אוצרות פון אונדזער גרויסער און רײַכער ייִדישער קולטור.

# לאָמיר זינגען

GUT-MORGN AYKH! גוט־מאָרגן איַיך!



## A YIDISH LID

## א יידיש ליד

Text: W. YOUNIN

Music: V. HEIFETZ




## IKH BIN A YIDISH KIND

## איך בין א יידיש קינד

Text: J. MLOTEK

Music: M. GELBART




G
yi - dish lid. Ikh
C C
bin a yi - dish kind, ikh
Dm Dm
zing a yi - dish lid. Ikh
D D7
zing, ikh zing, ikh zing- a
G
yi - dish lid ----------
A7 Dm
Tra - la - la - la - la,
G7 C
Tra - la - la - la - la. Ikh
Dm G7
zing , ikh zing, ikh zing a
C
yi - dish lid. ------------

## IKH HOB LIB TSU ZINGEN

## איך האָב ליב צו זינגען

Text: J. MLOTEK

Music: M. GELBART



## A YINGELE, A MEYDELE

## א ייִנגעלע, אַ מיידעלע






## OT AZOY NEYT A SHNAYDER אָט אַזוי נייט אַ שנײַדער



## KUMT ALE IN SHUL

## קומט אַלע אין שול

Text: I. KAMINSKY

Music: M. GELBART



